אידישע קאמוניסטישע ביבליאטעק

פראלעטאריער פון אלע לענדער פאראייניגט זיך



# לידערזאמלונג

פארלאג צ. ב.
איד. קאמ. סעק.
מאסקווע

י.ע. 19

אידישע קאָמוניסטישע ביבליאָטעק.

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער
פאַראייניקט זיך:

# מוט

## לידערזאמלונג.

צונויפגעשטעלט פון ש. טאָמסיני און א. פינקעל.




אַרויסגעגעבן פון דער צ. ב. פון די אידישע קאָמוניסטישע סעקציעס.

מאָסקווע, 1920

אין „מוט“ האָבן מיר געגעבן די סאָציאַלע מאָטיוון פון דער אידישער אַרבעטער ליריק. אונזער ציל — צונויפזאַמלען דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר דער אַרבעטער פּאָעזיע, וואָס וועקט דעם רעוואָלוציאָנערן געפיל און מוט. מיר האָבן געהאַט אין זינען די אומבאַהאָלפנקייט פון די קולטורעלע אונטערנעמער: די אָרעמ-קייט פון דעם אידישן ביכער מאַרק גיט, ניט די מעגליכקייט איינצואָרדענען אַן אָוונט פון דעקלאַמאַציע אָדער פון אידישע רעוואָלוציאָנערע מוזיק. „מוט“ וועט קומען צוהילף אויך באַ פּאָליטישע שמועסן: וועגן דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג און א. וו.

אויב מיר האָבן ניט אינגאַנצן געגעבן דאָס, צו וואָס מיר האָבן געשטרעבט, זיינען שולדיק די אומגעהייער שווערע באַדינ-גונגען: ס'איז געווען אוממעגליך צו באַקומען די נויטיקע ביכער. מיר האָבן אויסגענוצט די זאַמלביכער „בלומען און פונקען“, „די פרייע אַרפע“ (אַרויסגעגעבן דורך דעם „בונד“ אין 1906 יאָר אין ווילנע). עטליכע אומלעגאַלע זאַמלביכער, וואָס זיינען ער-שינען באַ דעם אָנהויב פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג און אַ ריי אידישע צייטונגען, זשורנאַלן און זאַמלביכער, וואָס זיינען ערשינען אין רוסלאַנד.

מיר האָבן אין דער זאַמלונג איינגעשלאָסן אויך עטליכע ניט אידישע לידער, וואָס זיינען פּאָפּולער („די וועבער“ פון הײַנע, וואָס איז אַגעוו צום ערשטן מאָל געדרוקט אינגאַנצן; אין די

פריהערדיקע אויסגאַבן איז .זי פאַרקירצט דורך דער צענזור) און האָבן אַ גרעסערע באַדייטונג („צוועלף״ די ערשטע רעוואָ־לוציאָנערע פּאָעמע אין רוסיש, וואָס איז ערשינען אין דעם פּייעל-ציוניסטישן „דאָס נייע וואָרט״ אין 1918 יאָר).

די ביאָגראַפּיעס און די בילדער זיינען טײַלווייס גענומען געוואָרן פֿון ז. רייזענס „לעקסיקאָן״. טײַלווייס פון אַנדערע קוועלן.

די הילע איז געצייכנט פון דעם ניט לאַנג געשטאָרבענעם קינסטלער עלמאַן.



# אינהאלט:

אבראמאָוויטש א. — מיר גייען — 116.
אדלער י. — יאָ זאָג מיר טעכטערל — 53.
אנ־סקי ש. — דער שניידער — 8, אין זאַלציקן יאַם — 105
די שוואוע — 107.
איינהאָרן ד. — די ליד פון די מאַזן — 109, פון קאָס — 111,
פאָלקס-לידלאַך — 149.
אבארבנעל מ. י. — 155.
באָרשאָווער י. — מיין לעצטער וואונש — 167, צום
שקלאף — 169, רעוואָלוציאָן — 170,
צום קעמפער — 175.
צוועלף — 190—174.
בלאָק א. —
בראָדערזאָן מ. — די הימל-קוואַלן — 152, דער מארש — 153,
פאַר פ־י — 47.
בארנאש ד. — אַ קאָרבן געפאלן — 108.
באראן א. ל. — דער שמיד — 21, אין שטוב — 32.
גאָרקי מ. — די פייע — 157, דער שטורם פויגל — 59

גאסטעוו א. כ'האָב ליב — 41, מיר וואַקסן פון
אײַזן — 24, אַרעסטאַנטן ליד — 83.

גילדין ח. אין פאַבריק — 39, מיין האַמער — 44,
אין קלאַנ — 46, כאַ, כאַ — 85
זיגער — 133, טריאומף — 139, אַר־
מייען 141, מ'ר גייען — 143.

גראפּער י. וואַך א'יף — 115.

דער אינטערנאַציאָנאַל — 103.

האלפּערן מ. ל. דער גאַסן־פּייקער — 64.

היינע ה. די ו עבער 17, זשאַמעלע — 33.

הורוויטש ש. די זאָקנמאכערס 16, דער מולער — 25.
בילאָם און זיין אייזל — 95.

וואלט א. אַ פרימאָרגן אין פאַבריק שטאָט — 50.

ווינטשעווסקי מ. בא נאכט אין שטאָט — 57, דריי
שוועסטער — 59, אַ בעזים און אַ קער — 91,
די מארסעליעזע 121, ס'רירט זיך — 123,
דער פרייהייטס גייסט — 127, די רויטע
פאָנע — 128, א קאמף געזאנג.

טשארני ד. אין טפיסע — 87.

יאָפע א. ל. ווידער אין דערהיים — 72.

ליעסין א. פון גאַס 63, פון וויטן צאָפן — 79

| | |
|---|---|
| מערעזשקאָווסקי | סאקיא-מוני — 162. |
| מנחם | א ליד פון א מיידל — 81. |
| ניידוס לייב | צו מיין פריינד — 119. |
| סעגאלאָוויטש ז. | שאכטער ליד — 24. |
| סקיטאלעץ | דער שמיד — 22. |
| עדלשטאט ד. | דער אידישער פראלעטאריער — 117, מיין צוואוא — 133, וואכט אויף — 134. |
| פינסקי ד. | דער עגל הזהב — 98. |
| פערעץ י. ל. | דריי נויטערקעס - 7, בא דעם פרעמדן כופע קלייד — 28, עס שלייכט — 114. |
| פרישמאן ד. | די פישער — 27. |
| פרוג ש. | דאָס ליד פון ארבעט — 52. |
| קאסעל ד. | די פאבריק — 38. |
| קאצענעלבאָגן א. | פאָלקס-מאָטיוון — 30, פרילינג — 74. |
| קלווינימוס ז. | איך האָב פארברענט — 113. |
| ראבינאָוויטש ל. | ווי דער מאָרגן זיי — 151. |
| רייזען א. | דער שוסטער — 19, אַ געזינטל זאלבע אכט — 31, דער וועכטער — 60, אין דער גאס — 74, מיר ברעכן — 104, צו די דעמאָנסטראנטן — 136, א ווינטער ליד — 137, דער פרייהייטס-גלאָק — 165. |

| | |
|---|---|
| ראָזנפעלד מ | בא דער נײַ-מאשין — 16, דער שני |
| | דער — 13. מיין אינגעלע — 5 |
| | וואוהין — 61, די ליכט-פארקויפערן — 7 |
| שעפּס א. ח. | פון גאָלדענעם לאנד 93. |
| שנייאור ז | א פרילינגס-ליד — 145. |





**פרץ יצחק לייבוש**—איינער פון די גרעס־טע אידעשע שריפטשטעלער. געבאָרן אין 1851 יאָר אין זאַמאָשץ לובלינער גובערניע, געשטארבן אין 1915 יאר אין וואַרשע. ווי דאָס ראוו פון די אידישע אינטעליגענטן פון זיין דאָר, האָט פּרץ זיין יוגנט פאַרבראַכט ביים גמרא אין די גע־צעלטן פון טו׳רה. באַקאָנענדיג זיך מיט דער מיטל־אַלטערליכער אידישער ליטעראַטור איז פּרץ געקו־מען אונטערן איינפלוס פון דער השכלה-באַוועגונג.
פּרץ האָט זיך באַשעפטיקט מיט אַדוואָקאַטור פון 1872 ביז 1889 יאָר און אין פרייער צייט זיך אָפּגע־געבן דער ליטעראַטור. האָט דעביוטירט מיט אייניקע שירים אין העברעאישע זשורנאַלן „השחר״ און „הבוקר אור״.

דער הויפּט-מאָטיוו אין פּרצ׳ס שאַפן איז דאָס פּראָבלעם פון דער פּערזענ־ליכקייט. פּרץ איז דער ערשטער אין דער אידישער ליטעראַטור, וואָס גיט זיך אָפּ מיט דעם יחיד, מיטן דעם אינדיווידוום און זוכט צו שילדערן אין אים ניט נאָר דאָס ספּעציפיש-אידישע, נאָר אויך דאָס אַלגעמיין-מענשלאַכע.

פּרץ, דער שעפער פון דער נעאָ-חסידישער עפּאָכע אין דער אידישער ליטע־ראַטור, דער אויטאָר פון די ראָמאַנטישע חסידישע מעשיות, און די רוהיגע, עפּישע, עמעס-קלאַסישע, סימבאָלישע, צוקונפט-אידיאַלע „פאָלקסטימליכע געשיכטן״ איז אויך דער אַוטאָר פון די סענטימענטאַל-רעאַליסטישע, און פּראָטעסטירנדיקע, סאָציאַל־עטישע סקיצן און לידער, וואָס שילדערן און באַזינגען דאָס לעבן פון די נידע־ריקע פאָלקס-שיכטן. די לעצטע האָבן ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין זיי ווייזט זיך אַרויס פּרצ׳ס שעפערישע קראַפט אַ סאַך שוואַכער ווי אין די ערשטע, דאָך געהאַט אַ גרויסן פאַרדינסט פאַר דער סאָציאַל-פּראָטעסטירנדיקער ליטעראַרישער צווייג פון דער אידישער אָרימקייט און ערשט אויפוואַקסענדיקער אידישער אַרבעטערשאַפט, מיט זייער נייער, נאָר וואָס אַריינגעפירטער אייראָפּעאישער קונסט, פאָרם און ריטם.

י. ל. פרץ.

# דריי נייטערקעס.

די אויגן רויט, די ליפּן בלאָ,
קיין טראָפּן בלוט אין באַק נישטאָ,
די שטערן בלאַס, באַדעקט מיט שווייס
דער אָטעם אָבגעהאַקט—און הייס—
עס זיצן דריי מיידלאַך און נייען!

— — — — — — — — — — — — — —

די נאָדל—בלאַנק, די לייווונד—שניי,
און איינע טראַכט: איך ניי, און ניי!
איך ניי בייטאָג, איך ניי ביינאַכט
קיין כּופּה=קלייד זיך נישט געמאַכט,
וואָס קומט אַרויס איך ניי?

ניט איך שלאָף און ניט איך עס...
איך וואָלט געגעבן אויף מייער באַל=נעס,
עפּשער וואָלט ער זיך געמיט;
אַן אַלמען כאָטש, אַן אלטער איד,
מיט קינדערלאַך אַ שאָק.

— — — — — — — — — — — — — —

די צווייטע טראַכט, איך ניי און שטעפּ
איך שטעפּ מיר אויס נאָר גרויע צעפּ!
דער קאָפּ—ער ברענט, די שלייף— זי האַקט,
און די מאַשין—זי קלאַפּט צום טאַקט:
טא=טא, טא=טא, טא=טא!

איך פאַרשטיי דאָך יענעמס ווינק!
אָן אַ כופּע, אָן אַ רינג,
וואָלט געווען אַ שפּיל, אַ טאַנץ,
אַ ליבע אויף אַ יאָר אַ גאַנץ!
נאָר דערנאָך, דערנאָך?

— — — — — — — — — — — — — — —

די דריטע שפּייט מיט בלוט און זינגט:
איך ניי מיך קראַנק, איך ניי מיך בלינד!
עס צוויקט די ברוסט ביי יעדן שטאָך;
און ער האָט כאַסענע די וואָך!
איך ווינש אים ניט קיין שלעכץ!

עט, אַלץ פאַרגעסן וואָס אַ מאָל...!
טאַכריכים וועט מיר געבן קאָהאָל,
אויף אַ קליינטשיק פּיצל ערד,
איך וועל רוהען אומגעשטערט,
און וועל שלאָפן, שלאָפן.





**אַנ—סקי ש. א.** (שלמה ראַפּאפּארט). געבּאָרן אין 1863 יאָר אין וויטעבּסק. ער האָט געאַרבּעט אין דער רוסיש-אידישער און דער רוסישער פּרעסע. אין סוף פון די 80-ער יאָרן האָט ער גענומען אַן ענערגישן אַנטייל אין די אומלעגאַלע סאָציאַל. אויסגאַבּן. זיינע לידער „די שבועה“, „אין זאַלציקן יאַם“ זיינען געוואָרן פּאָפּולער און באַוואוסט די ברייטסטע שיכטן פון פאָלק. פון זיינע געזאַמלטע שריפטן אין אידיש איז אַרויס דערווייל איין באַנד אין 1911 יאָר. באַוואוסט אַלס זאַמלער פון אידישן, פאָלקסטימליכן אַלטערטום.

---

## ש. אַנ־סקי.

# דער שניידער.

די שטוב איז קליין, די שטוב איז אַלט,
אין יעדער ווינקל, מיסט און קויט.
ס'איז פינצטער, אומעטיק און קאַלט,
אַ קראַנקער שניידער זיצט און נייט.

דער שניידער נייט.
די נאָדל גייט,
דער מויאַך דרייט,
ס'איז גרויס די נויט,
ניטא קיין ברויט, ניטא קיין ברויט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאס פּאנים געל, פארצאַגט, פאַרטראַכט,
די נאדל רודערט טאג און נאַכט,
פון צייט צו צייט אַ פוסטער הוסט
האַלט אויף די האַנט, רייסט אויף די ברוסט.

דער שנײַדער נײַט,
די נאָדל גײט,
דער מויאַך דרײַט,
ס'איז גרויס די נויט,
ניטא קײַן ברויט, ניטא קײַן ברויט.

— — — — — — — — — — — — — — —

אין שטוב איז אומעטיק און פוסט,
פון וויג אַ זיפץ, פון בעט אַ הוסט,
אַ קלײַן לעמפּל ברענט זיך שוואַך,
אַ דראָבנער רעגן קלאַפּט אין דאַך.

דער שנײַדער נײַט,
די נאדל גײַט,
דער מויאַך דרײַט,
ס'איז גרויס די נויט,
ניטאָ קײַן ברויט, ניטאָ קײַן ברויט.

— — — — — — — — — — — — — — —

„וואס טוסטו, שנײַדער, אויף דער וועלט?"
„איך לעב"... אַ שוידערלאַכע קעלט,
נעמט אן בײַם האַרץ, פאַרפלוכטע נויט!
אַז דו הײַסט לעבן, וואס איז טויט?!

דער שנײַדער נײַט,
די נאדל גײַט,
דער מויאַך דרײַט,
ס'איז גרויס די נויט,
ניטא קײַן ברויט, ניטא קײַן ברויט.





**ראזענפעלד מאָריס** (משה יעקב). געבאָרן אין דעם 1862 יאָר אין סובאַלקער גוב. אין דער פאַמיליע פון פישער. געאַרבעט אַלס אַ דימענט-שלייפער און שניידער. זיין ערשטע ליד ערשיינט אין 1886. האָט אַרויסגעגעבן זאַמלונגען פון זיינע לידער, ווי „די גלאָקע“ (1888) און „די בלומענ-קעסטע“ (1890), „דאָס לידערבוך“ (1897). אַ ריי פון זיינע לידער זיינען ערשיינען אין ענגלישע, דייטש, רוסיש, פויליש, אונגאַריש און רומעניש.

זיינע סאָציאַלע לידער זיינען דורכגעדרונגען מיט אַ מעכטיגן פּראָטעסט קעגן די אונטערדריקער פון אַרבעטער-פאָלק. זיינע באַלאַדן, עפּיגראַמען און סאַטירישע לידער צייכענען זיך אויס מיט זייער ביטערן סאַרקאַזם און טעמפּעראַמענט.

---

## מ. ראַזענפעלד.

# באַ דער ניי-מאַשין.

אויפ׳ן קאַרק דעם סענטימעטער,
געבויגן אין דרייַען—אַ שרעק!—
און צייַט איך געדייַנק אים! אַלץ נייַט ער,
און לייַגט זייַנע קרעפטן אַוועק.

ס׳ווערן כאַדאָשים פאַרפלויגן,
ס׳לויפן די יאָרן אַהין,
און נאָך זיצט דער בלייַכער געבויגן,
און קעמפט מיט אַ רויהע מאַשין.

איך שטיי און באַטראַכט דאָרט זייַן צורע,
זייַן צורע פאַרשמירט און פאַרשוויצט,
און פיל אַז דאָ אַרבעט קייַן גווורע—
דער אימפעט נאָר פראַצעוועט איצט.

דאך פאַלן די טראפּן קעסיײדער
פון אױפגאַנג ביז אונטערגאַנג שפּעט,
און זאַפּטן זיך אײַן אין די קלײדער,
און טרינקען זיך אײַן אין די נעט.

איך בעט אײַך, װי לאַנג װעט נאָך יאָגן
דער שװאַכער די בלוטיקע ראָד?
אָ, װער קען זײַן ענדע מיר זאָגן?
װער װײס יענעם שרעקליכן סאָד?

אָ, שװער, זײער שװער דאָס צו זאָגן,
דאָך אײנס קען מען װיסן. פאַרשטײן:
װען אים װעט די ארבעט דערשלאָגן,
זעצט באַלד זיך אַ צװײטער צום גײען . . .



מ. ראָזענפעלד.

# דער אַלטער שניידער.

ער זיצט און נייט שוין פילע יאָרן,
און זיין קליינער פּאָנים שוויצט,
די באָרד איז אים שוין ווייס געוואָרן,
ווי דער פאָדעם, וואָס ער ניצט.

נישטאָ קאַמאַט אין שטאָט אַ מייסטער.
וועלכן ער האָט ניט געדינט,
און דאָך האָט ער קיין סענט אין טייסטער,
און קיין ברויט פאַר ווייב און קינד.

ער קומט אַריין אין שאַפּ באַגינען
און פארדינגט שוין זיינע הענד,
ער האַלט פאַראיינס אין איין פאַרדינען
און פאַרהולטעוועט קיין סענט.

ער שאַפּט שוין, ווען ס'גרויט דער מאָרגן
און ער שאַפּט נאָך שפּעט ביי נאַכט,
און שטענדיק—שטענדיק, וואו צו באָרגן
זיצט ער טרויעריק און טראַכט.

דער מייסטער איז מיט אים צופרידן,
ווייל ער טיינעט ניט קיין סאַך,
ער מאַכט אין שאַפּ ניט קיין יארידן,
און באליידיקט ניט זיין פאַך.

ער קומט און גייט אַוועק אין שטילן,
ריידן רעט פאַר אים דער הוסט,

דער טרער פאַרדעקט אים זיינע ברילן,
און דער שמערץ פארדעקט די ברוסט.

די ארבייט־לייט — זיי קוקן
אויף דעם שוואַכן מיט אַ וויי,
זיי קוקן אויף זיין מידן רוקן,
וועלכער קרימט זיך ביים געניי,

זיי זעהן שוין דעם טויט דעם שוואַרצן—
פאַר זיין ערליכקייט די שטראָף.
ס'גליט אַ ווייטאָג טיף אין האַרצן—
דאָס וועט זיין אויך זייער סאָף . . .



## ש. הורוויטש.

# די זאָקנמאַכערקעס.

אוי, אַקלוגע וועלט איז היינט,
מיידלאַך געוואָרן!
ניט ווי אין דער באָבעס צייט,
אין די אַלטע יאָרן.

קונציק ווערן היינט געמאַכט
אַלע פראָסטע זאַכן,
אויסגעקלערט מאַשינדלאַך,
אוי, אין אַלע פאַכן.

לאָז אַראָב די אויגאַלאַך,
אַלטע באָבע האָדע,—
דיינע ליבע פרענטאַלאַך
זיינען שוין אויס מאָדע.

קום אַריין צום אייניקל
דאָ אין מאַסטערסקאַיע:
גאָר כידושים וועסטו זען,
פרענטאַלאַך גאָר נייע.

פאָרקען יעדער אויגעלע
דאַרפן ניט באַזונדער:
גיב אַ רוק אַהין, אַהער—
פאַרטיק ווערט אַ הונדערט.

אַ געוויר צו זיין איז היינט
פראסט אַ פאַרגעניגן,
האט ער אַ מאַשינדאַלע,
קען ער שוין אַלץ קריגן.

האט ער אַ מאַשינדאַלע,
אוי, פון שטאל און אייזן,
וואס דאס האַרץ גלוסט אים נאר,
קען ער שוין באַווייזן.

נאר פאר אונז איז, שוועסטערקעס,
ניט געווארן גרינגער:
צו מיט די מאַשינדאַלאַך,
צו מיט הוילע פינגער . . .

פון די נייע פרענטאַלאַך,
קומט צו נייע שמאַרצן;
יעדער רוק און דריי ביי אונז
קלאַפּט זיך אפּ אין האַרצן.

ווי אין שטייג אַפייגאַלע,
איינגעשפּאַרט אין כיידער,
צוגעשמיט צום ביינקאַלע
רוקן מיר קעסיידער.

ווייסן ניט פון לופט און שיין,
טאמיד אַיינגעבויגן,
גריבער אין די בעקאַלאַך
פינסטער אין די אויגן.

העַנטאַלאַך און פּיסאַלאַך,
ברענען אונז ווי פייער,
אוי, איר שײַנע זעקאַלאַך,
אוי, קאסט איר אונז טייער! . . .

